# א. אין דער נידער.

מיין
ב ן ־ צ י ו נ ׳ ק ע ס
אָנדיינקען.

# צו מיינע לידער

נידערט, נידערט, מיינע לידער,
אין דער נידער, אין דער נידער.

צו די שטילע, צו די שטומע,
זייט ווי תפילות, — שטילע, פרומע.

צו די וואָס קניענדיקע בעטן, —
קניט ארונטער אין געבעטן.

וואו א קראנקער, וואו א מידער,
נידערט, נידערט, מיינע לידער.

# מאמעס

אין ווייען גייט אויף די שטומע פאַרטרויערטע ליבשאַפט.
אין הערצער בא מאַמעס האָט גאָט אזא ליבשאַפט פאַרזייט;
וואָס וועט ער זאָגן צו מאַמעס מיט חרוב׳ע הערצער,
ווי וועט ער זיי טרייסטן פאַר זייער צעבראָכענער פרייד?

ער האָט אזא ליבשאַפט פאַרזייט בא די מאַמעס אין הערצער,
און מיט געניטקייט געבענטשט האָט ער זייערע הענט;
מיט וואָס וועט ער טרייסטן די מאַמעס פון ליידיקע וויגן,
וואָס וועט ער זאָגן צו מאַמעס מיט ליידיקע הענט?

אין אומעט גייט אויף די שטומע פאַרטרויערטע ליבשאַפט,
אין הערצער בא מאַמעס האָט גאָט אזא ליבשאַפט פאַרזייט;
ציילן מאַמעס די יאָרן פון זייער פאַרשניטענער ליבשאַפט,
און וויגן אין עלנטקייט איין די צעבראָכענע פרייד.

# איך ברייננ אייך רו

איך ברייננ רו פון בית־עולם
צו אייך, מאמעס פון דער וועלט.

איך בין געזעסן און געוואכט דאָרט,
און געהאָרכט דורך היץ און קעלט.

האָב געפּרעסט מיין ברוסט צו שטיינער,
און מיין קאָפּ צו טיפער ערד.

געהאָרכט, געהאָרכט מיט פארשפּיצטן אויער
און האָב גאָרנישט ניט געהערט.

א חוץ א פויגל אויף א בוים וואו
רעדט זיך איבער מיטן ווינט,
א חוץ א מאמע בא אַ שטיין וואו
וויינט זיך שטיל איבער איר קינד.

חוץ א קלאנג, וואָס טראָגט זיך איבער
פון בארואיקטן געוויין;
חוץ א שטיין, וואָס קוקט זיך איבער
אין גרויער שטומקייט מיט א שטיין.

חוץ די גרינקייט פון די גראָזן
און די ווייסקייט פון דעם פעלד, —
אויסער דעם איז אלעס שטיל דאָרט,
אויסער דעם — א שטילע וועלט.

# וואָס ווילן די טונקעלע חלומות

עס רינט א בלויע רו פון הימל
ארום דיין וועלט, מיין קינד.
ביימער־שאָטנס טוליען זיך אין טונקעלע געשטאלטן;
אין דיין וועלט, מיין קינד, ליגט יעדער איינער
שטיל און רואיק אין זיין טיפער רו באהאלטן.
עס פירט מיין וועג, דאָך, קינד מיינס, תמיד נאָר צו דיר.
איך וואָלט געקענט אזוי ארומגיין
אין שטילער רו פון שאָטנס,
וואָס ווייען אָן מיט גוטסקייט, דיין געשטאלט אויף מיר;
וואָס ווילן, אָבער, די טונקעלע חלומות?
זיי צערן אוים דאָס ליכט פון מיינע מעג.
און איך האָב געוואָלט שטיל אזוי און שאָטנדיק דאָך גיין צו דיר,
בענטשנדיק די יעדע שעה, וואָס פירט מיך אויף דיין וועג; —
אזוי ריין און גאָלדיק וואָלט איך וועלן גיין צו דיר
דורך מילדן, שאָטנדיקן וועג;
וואָס ווילן, אָבער, די טונקעלע חלומות?
זיי צערן אוים דאָס ליכט פון מיינע טעג.

# יעדע נאכט

יעדע נאכט קומסטו מיר צו חלום.
וועבן זיך מיינע אלע טעג אין נאַכטיקן שלייער,
לעב איך אין חלומות פון דיין שאָטן.
יעדע נאכט ווערסטו בלאַסער, דינער,
ווערט מיר פרעמדער דיין געשטאלט.
עס נעמט מיך ארום א שרעק:
אָט־באלד, אָט־באלד, —
און איך וועל דיך פון מיינע חלומות אויך פארלירן
ווער וועט מיך דאן אין חלום
פון דיין אייביקייט פירן,
און צו דיר מיך דערפירן, מיין קינד?

# מיין בערגעלע

די לופט דאָ אזוי גוט און שטיל,
און ווייך דאָס גראָז צום ליגן.
און בא מיין זייט א בערגעלע —
איך קום באנאכט אים וויגן.

דאָ שטייען בערגעלאך א סך,
בערגעלאך איינזאמע;
נאָר בא מיין זייט דאָס בערגעלע,
דעם בין איך א מאמע.

דורך לבנה׳דיקע נעכט,
בין איך דאָ געזעסן.
לבנה־סודות אויסגעהערט,
און האָב זיך שיעור פארגעסן,

אז ניט די לבנה היט איך דאָ,
ניט די בערגעלאך איינזאמע;
נאָר דעם קליינעם בערגעלע,
וואָס אים בין איך א מאמע.

# צי זאָל עס זיין?

צי זאָל עס זיין, אַז צוליב דעם
האָט גאָט דיך פון מיר צוגענומען,
אַז אין יעדן גרעזעלע זאָל איך דיך דערזען.
אַז יעדער שטיין וואָס ליגט איינזאם בײַ אַ זייט פון וועג,
זאָל מיך אָן דיר דערמאָנען?
אַז די ערשטע פרילינג־בלימל שיקט גאָט אויף דער ערד אַרויס,
אַלס אָנדיינק נאָך דיר?
אַז יעדער שמאָלער וואסער,
וואָס פליסט באַם פוס פון הויכן בארג,
זאָל מיך דערמאָנען ווי קליין מיין טרער איז
אין מיין טרויער נאָך דיר?

צי זאָל עס זיין, אַז די גאַנצע בײַנקשאַפט,
וואָס לויערט אויף וועגן צווישן טאָג און נאַכט,
האָט גאָט געשיקט צו דערמאָנען מיך אָן דיר?

צי זאָל עס זיין, אַז צוליב אַן אָרים בלימל,
וואָס שפּראָצט איצט אויף דיין קבר,
האָט ער דיך צוגענומען פון מיר?
צי זאָל עס זיין?

# זיי דערציילן און זיי זאָגן

אזוי פיל גרינקייט איצט אויף פעלדער,
אזוי פיל בליאונג אויף די צווייגן.
פייגל זינגען אויף די ביימער,
קינדער שפילן אויף די גאסן,
עפּעס רעש׳ט זיך אין דער וועלט איצט.
אלצדינג רעדט פאר זיך באזונדער,
נאָר איך אליין בין ווי אין חלום,
און גיי אום דאָ ווי א פרעמדע.
וואָס זאָל מיינען אָט־די נייקייט,
און דער רעש פון קינד און פייגל,
וואָס דערציילן זיי און זאָגן?
וואָס זאָל מיינען אָט־די גרינקייט,
און דער רעש פון קינד און פייגל?

זיי דערציילן און זיי זאָגן,
אז פרילינג בליט איצט אויף די ביימער,
און די וועלט איז וואך און מונטער;
קינדער שפילן אין די גאסן, —
און דו ליגסט אליין אין דיין קבר.

# אזא פרייד

דיין געבורט־טאָג היינט, מיין קינד,
און דער טאָג איז אזא שטילער היינט, מיין קינד,
און דער טאָג איז אזא ווייסער היינט, מיין קינד.
איבער שטילן טאָג,
איבער ווייסן טאָג,
פליען קראָען אום,
טאַנצן קראָען אום; —
זעכצן שווארצע קראָען אין א קאָן.
דיינע זעכצן יאָר, מיין קינד,
אין שווארצן אָנגעטאָן.
צייל איך זעכצן יאָר, מיין קינד,
אין שווארצן אָנגעטאָן.
אָ־האָ! בין איך א מאמע שוין
פון א זעכצן יאָריק קינד!
וועמען נאָר דערציילט מען אזא פרייד?
צי דעם שניי, וואָס אויף דיין קבר,
צי דעם שטילן טאָג,
צי דעם ווייסן טאָג?
— אזא פרייד!

# ווי, אָ, ווי...

ווי, אָ, ווי געפין איך רו?
בא דיינע פיס דאָ וואו דו רוסט?
זעסט מיין קאָפּ, ווי טריב ער איז?
הערסט דעם זיפץ, וואָס רייסט מיין ברוסט?

ווי, אָ, ווי געפין איך רו?
אז יעדער טראָט דאָ איז א שפיז!
עס רוען טיף דאָ דיינע פיס,
און דער וועג ווי לאנג ער איז;

ווי, אָ, ווי געפין איך רו?
דורך שאָטנס טיף, דורך שאָטנס גרוי,
און דיין רו דאָרט, אין דער בלוי.
דורך שאָטנס טיף, דורך שאָטנס גרוי;

ווי, אָ, ווי געפין איך רו?
מיטן קאָפּ צו שטויב, מיט הארץ אין ערד,
דער מידער טאָג, די לאנגע נאכט, —
א רויער וואונד פון טעמפּן שווערד.

# צו דיין רו

איך וועל איצט ניט קומען צו דיר
מיט מיין אומרו ניט שטערן דיין רו;
שלאָף, גליקלאכער דו!

שווער ציט זיך מיין וועג צו דיר.
שלעפּ איך זיך מיד און זינג צו דיין רו;
שלאָף, גליקלאכער דו!

אין שטילער, אין הייליקער רו.
א לויב צו דיין אייביקער רו;
שלאָף, גליקלאכער דו!

# צו ערד

הארץ צו הארץ מיט דיר,
פארוויג מיך, זיסער שלאָף,
איך וועל חלומ׳ען אין דיר
מיין אָנהייב און מיין סוף.

איך הייב זיך שווער פון דיר,
שטרעק מיד מיינע פיס;
ניט פירט מיך, פיס אוועק,
אין שווערן וואנדער־וועג.

אין שווערן וואנדער־וועג,
בא שטראָמען פעביק־שווארץ,
וויינט דער נאכטיגאל,
וויינט אוים צום טויט זיין הארץ.

איך גיי נאָר אום אומזיסט,
מעסט אוים בריק נאָך בריק;
איך ליג בא דיינע פיס,
ניט וועק מיך מער צוריק.

מיין בליק איז הייס און רויט,
מיין שטערן קאלט און טויט;
רעגן, פאל אויף מיר,
קוש מיינע וויעס אוים.

באטרינק מיך מיט דיין וויין,
דו, ערד, מיין הארץ שטיל איין.

# רעגן, רעגן איבער מיר

רעגן, רעגן איבער מיר,
ניט הער אויף צו גיין;
עס זאָל מיין קינד, דאָ בא מיין זייט,
ניט הערן מיין געוויין.

ער שלאָפט דאָ רואיק, אין דער שטיל,
פון קיינעם ניט געשטערט, —
איך האָב זיך, ווי א קינד, צעוויינט,
איבער זיין גרינעם בעט.

רין אראָפּ מיט מיינע טרערן,
אויף זיין גרינעם בעט;
איך האָב זיך, ווי א קינד, צעוויינט,
ווי א קינד פארערט.

# פלים שטילער

פלים שטילער, פלים שטילער, דו טייכעלע גוטער,
פלים שטילער, דיין מורמלען איך הער.
עס שלאָפט דאָ מיין קינד, בא דיין ברעג, אין די טאָלן,
פלים שטילער, זיין שלאָף ניט צעשטער.

און איר, פייגעלאך קליינע, ניט זינגט אזוי הויך,
פליט שטילער, איר קראָען, אין צאָל אזוי פיל;
און דו, מיין קוקאווקע, ניט הילך אין דער לופט,
איך בעט אייך — ער שלאָפט אזוי שטיל.

ווי שטיל נאָר עס שווייגן די בערג דאָ ארום,
שטייען פארטראכטע און קוקן וואוהין;
און די ביימער מיט קעפ ארונטער געניינט,
באשיצן זיין בעט אזוי גרין.

די גראָזן אין טאָל, זיי וויגן זיך שטיל, —
ארום זיין גרין בעט איצט שפילט זיך דער ווינט;
וועקט אויף די בלומען, וואָס שטייען פארקלערט,
און בלאָזט זיי צום בעט פון מיין קינד.

פלים שטילער, דו טייך, אין די טאָלן די גרינע,
ניט טרייב דיינע כוואליעס אהער;
עס שלאָפט דאָ מיין קינד בא דיין מורמלענדן ברעג,
פלים שטילער, זיין חלום ניט שטער.

# צו א בוים

דו ריזיק־גרויסער, אלטער בוים.
דיין שטאם איז פעסט און שטארק ווי אייזן,
דיינע צווייגן גרויס און קליין; —
אלע ארום דיר אין קרייזן.

דיין עלטסטער צווייג, נאָר אזוי גרויס און שיין,
ליגט לעבן דיר אויף דער ערד, א טויטער.
שטייסט אָנגעבויגן איבער אים,
ווי מען שטייט איבער טויטע.

שאָקלסט יאוש׳דיק מיטן אלטן קאָפּ,
די הענט — אראָפּגעלאָזן האלב צעשפרייטע
צו דער ערד אראָפּ.

זיץ איך בא דיינע פיס און טראכט:
האָט עס גאָט אזוי געמאכט,
אז מענטש און בוים זאָלן אויף זיך
דעם זעלבן גורל טראָגן?

איך האָב דערמאָנט זיך אָן א וואָגן,
וואו מען האָט ארויפגעלייגט מיין עלטסטן צווייג,
ווי דער, וואָס ליגט בא דיינע פיס א טויטער,
און איך קלער: אפשר האָסטו אויך געליטן א מוטערס לייד,
א לייד, וואָס איז פון בלוט נאָך רויטער.

דערפאר קום איך אָפט צו דיר,
זיץ און קוק אויף דיינע צווייגן,
און שאָקל יאוש׳דיק מיטן קאָפּ ווי דו
און לערן זיך פון דיר צו שווייגן.

# צו א פויגל

זינגסט און זינגסט און זינגסט.
פרייסט זיך וואָס ווינטער פארגייט.
דערציילסט, דערציילסט און דערציילסט,
פרייסט זיך וואָס ווינטער איז טויט.

זינגסט און זינגסט און זינגסט,
דערציילסט, אז דער ווינטער איז טויט;
דערציילסט, אז דער פרילינג קומט אָן,
נאָר מיר זאָגסטו קיין זאך ניט אָן.

פלי פון מיין פענצטער אוועק,
צו א רואיקן אָרט בא א וועג,
וואו עס שיידן זיך וועגן מיט וועג.

צווישןביימער וואו וואקסט דאָרט א בוים,
צווישן שטיינער וואו ליגט דאָרט א שטיין,
און זינג דארט און זינג דארט און זינג.

דערצייל דאָרט צום בוים און צום שטיין,
דערצייל, אז דער ווינטער איז טויט,
דערצייל, אז דער פרילינג קומט אָן.

דערצייל צו דעם אומעט ארום;
זינג אוים מיט דיין קול אזוי דין;
דערצייל, אז דו האָסט מיך געזען,
דערצייל דאָרט ווי טויט און פארלאָזן איך בין.

# צו די שנייען

פאַרוואָס קענט איר ניט,
איר ווייסע שנייען,
אויך מיין האַרץ אַזוי פאַרווייען,
ווי איר האָט פאַרוויית
און פאַרשטעלט
דעם בית־עולם פון מיין וועלט.

דאָרט קענט איר ווייען,
דאָרט קענט איר ווייסן,
מיין פינצטער האַרץ נאָך מער מיר רייסן.

עס ליגט מיין קינד דאָרט
אונטער שניי,
אין אַ קבר שוואַרץ און רוי.

איר האָט פאַרדעקט אים,
ווייסע שנייען,
נאָר מיין וואונד אין האַרצן,
קענט איר ניט פאַרווייען.

# צו די הימלען

אזוי פיל יאָרן שוין אוועק
און איר פארגעסט אלץ ניט דעם טאָג.
צו יעדן יאָרצייט פון מיין קינד זייט איר וויינען גרייט,
מיט מיר איניינעם קלאָגן אויף מיין קלאָג.

נאָר יענעם טאָג קען איך ניט פארגעסן,
יענעם טאָג געדיינק איך נאָך ווי היינט;
ווען איך האָב אים אויף אייביק צו דער ערד געבראכט,
האָט די זון אויף אייך געשיינט,
און איר אין העלן אָנגעקליידט זייט געשטאנען און געלאכט.

צי זאָל עס זיין, אז גאָט האָט אייך הערפאר באשטראָפט?
אָדער איז בא אייך אויך א קינד געשטאָרבן?
און אונזער יאָרצייט פאלט דעם זעלבן טאָג?
וואָס צו יעדן יאָרצייט פון מיין קינד זייט איר וויינען גרייט
מיט מיר איניינעם קלאָגן אויף מיין קלאָג.

# ווי די לבנה

בלאָם ביסטו היינט, מיין לבנה
בלאָם און מאַט.
האָסט דורך שווערע וואָלקנס
זיך דעם וועג היינט דורכגעשלאָגן,
ביסטו מיד דערפאַר,
מיד און בלייך.

איך בין היינט דעם גאַנצן טאָג
אים זוכן אומגעגאַנגען,
און אויף קיין וועג אים ניט געפונען.

אַרום דיר, נאָך איצטער, קליינע וואָלקנס מונקלען;
איז דיין ליכט אַזוי ציטערדיק און איידל

איך האָב געוויינט אַ גאַנץ פאַרנאַכט היינט,
זיינען מיינע אויגן מיד.

איך זע די וואָלקנס אַרום דיר
און דיין מידע, בלאַסע ליכט, מיין לבנה.

# באם זון-פארגאנג

באם זון־פארגאנג
איז דאָ אזא קלאנג,
וואָס דערמאָנט מיך,
אז דו ביסט ניטאָ.

די פעלדער מיט די גראָזן,
און די בלימלאך אין די גראָזן,
שאָקלען מיט די קעפּ:
יע — יע — יע..

# נאָר די וואָלקנס

נאָר די וואָלקנס פאר א רעגן,
און די קוימענס פון די דעכער,
אין א וועלט פון שטילער גרויקייט.

נאָר דער טרויער פון די ביימער,
אין דעם אויסגאנג פון פארנאכטן.

נאָר די פענצטער פון מיין קאמער,
און דיין שאָטן אויף מיין קישן;
דערמאָנען מיך אָן א בית־עולם,
און דערמאָנען מיך אָן דיר.

# זון און דו

עס פארגייט די זון. דאָך נאָר אויף א נאכט;
פארגייט יעדן פארנאכט. —
און קומט צוריק יעדן פרימאָרגן.
און די גאנצע וועלט שטייט אין אימה פארטראכט,
און באדויערט איר פארגאנג יעדן אויפדערנאכט.

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

נאָר אז דו ביסט אין אייביקער נאכט פארגאנגען,
איז דיר קיינער ניט נאָכגעגאנגען,
אויסער מיינע אלע טעג,
איז דיר קיינער ניט נאָכגעגאנגען.

# ווי דער פרילינג-רעגן

פון פרילינג־רעגן וואקסן בלומען אוים.
איצט איז פרילינג אויף דער וועלט.
און מיינע טרערן פאלן ווי דער פרילינג־רעגן,
געדיכט און ווארעם פאלן מיינע טרערן.
— וואו ביסטו, מיין קינד?

# קום צוריק, מיין קינד

עס בלאָזט פון דרום איצט דער ווינט.
עס איז שוין פרילינג איצט, מיין קינד,
קום צוריק, מיין קינד.

הערסט, מיין קינד, ניט מאַמעס קול,
וואָס רופט און רופט דיך אַלעמאָל?
זעסט, מיין קינד, ניט מאַמעס הארץ,
וואָס זוכט דיך טאָג און נאַכט ארום?

אין יעדן גרעזל, יעדן בלום,
און ווייינט אריין אין דרום ווינט:
— קום צוריק, מיין קינד!

# מיין ליכט

פארגאנגען ביסטו, מיין ליכט,
פארצויגן זיך מיט וואָלקנס.
וואו ניט וואו, נאָר א טרער לויכט ארויס,
פון דיינע פארוויינטע אויגן.

פארגאנגען ביסטו, מיין ליכט,
פארצויגן זיך אין וואָלקנס.
גיי איך אום אין וואָלקנס דיך זוכן,
מיין ליכט, מיין פארגאנגענע.

# דערמאָנונג

עס האָט דער הימל אזוי אבל׳דיק צעוויינט זיך. —
א גאנצן טאָג אז די זון האָט ניט געשיינט;
וואָלט גוט געווען, אז איך זאָל אָנצינדן א ליכט,
איך האָב דאָך יאָרצייט היינט.

און אויף מיין לאָדן קלאַפּט יאָמערדיק אזוי דער ווינט:
ווער קען וויסן וואָס דאָס קלאַפּן מיינט?
וואָלט גוט געווען, אז איך זאָל אָנצינדן א ליכט,
איך האָב דאָך יאָרצייט היינט.

און מיך רופט ווער, רופט מיך פון דער פינצטער,
עס קוקט צו מיר פון וואָלקנס א געזיכט.
א גאנצן טאָג האָט די זון היינט ניט געשיינט,
וואָלט גוט געווען צו אָנצינדן א ליכט.

וואָס קלאַפּט דער רעגן היינט אזוי מיט בלייענעם געוויכט?
וואָס רייסט דער ווינט מיין טיר אזוי ווי באנאכט
א בייזער פיינט?
וואָלט גוט געווען כ׳זאָל אָנצינדן א ליכט,
איך האָב דאָך יאָרצייט היינט.

# פארלאָשן

נײַן יאָר האָט א ליכט זיך געצונדן,
נײַן יאָר האָט דײַן לעבן געהעלט.
נײַן יאָר האָט דײַן לעבן געלויכטן,
און באלויכטן דאָס ליכט פון מײַן וועלט.

נאָכדעם האָב איך ליכט אָנגעצונדן,
פאר דײַן לעבן וואָס האָט נײַן יאָר געהעלט;
פאר דײַן לעבן וואָס האָט זיך פארלאָשן,
און פארלאָשן דאָס ליכט פון מײַן וועלט.

יאָרן און ליכט אויסגעברענטע,
און פוסט איז אין הארצן און לער;
א טרוקענער זיפץ אין דער פינצטער,
אן אויסגעוויינט אויג אָן א טרער.

# יאָרצייט

איך האָב היינט יאָרצייט נאָך מיין קינד,
און צינד קיין ליכט פאַר זיין נשמה.
גייען יאָרן מיטן ווינט,
איך וויין ניט מער און זוך ניט מער,
און צינד קיין יאָרצייט נאָך מיין קינד.

עס צאנקט א פייער אין מיין הארצן,
און וויינען ווייגט פאר מיר דער ווינט;
דער טאָג גייט אָנגעטאָן אין שווארצן, —
איך האָב היינט יאָרצייט נאָך מיין קינד.

# ס׳ארא נארישע מאמע

ס׳ארא נארישע מאמע איך בין,
א נארישע מאמע, מיין קינד;
איך לעב אָן א ציל, אָן א זין,
און צייל ניט די יאָרן, מיין קינד.

כ׳פארגעס זיך, אז דו ביסט שוין גרויס,
און צייל ניט די יאָרן, מיין קינד;
פארגעס זיך, אז דו ביסט ניטאָ,
שוין יאָרן און יאָרן, מיין קינד.

איך זע דיך נאָך אלץ ווי אמאָל,
מיין קליינינקעס, קליינינקעס קינד,
און לעב אָט־אזוי אָן א זין,—
ס׳ארא נארישע מאמע איך בין.

# אין דיין וועלט מיט דיר

איך וויין ניט מער אויף דעם וואָס דו ביסט טויט.
איך זוך דיך מער ניט אום נאָכאַנאַנד.
איך האָב אַ וועלט פאַר דיר אַ צווייטע אויסגעבויט,
לעבסמו פאַר מיר דאָרטן אין מיין חלום־לאַנד.

און די וועלט וואָס דו האָסט נאָך זיך פאַרלאָזן,
איז פאַרלאָזן איצט שוין אויך פון מיר.
יענע וועלט איז מיר ווי אַ בייזער חלום,
און איך לעב נאָר אין דיין וועלט מיט דיר.

# א מעשה׳לע

איך פלעג א מעשה׳לע דיר דערציילן
פון קליינע שיפעלאך און א גרויסן בריק.
ווי קליינע שיפעלאך זיינען געשוואומען
צו א ווייטן לאנד פון גליק.

ווי קליינע שיפעלאך זיינען געשוואומען
פון דעם ווייטן לאנד צוריק;
דיינע אויגעלאך פול מיט וואונדער,
האָבן אָנגעפילט מיין הארץ מיט גליק.

איך פלעג א מעשה׳לע דיר דערציילן,
פון קליינע שיפעלאך און א גרויסן בריק,
איז איין שיפעלע אוועקגעשוואומען,
און פארנומען מיין גאנצן גליק.

דאָס קליינע שיפעלע האָט מיט זיך פארטראָגן
דיך, מיין אינגעלע, — מיין איינציק גליק;
איך זוך און בלאָנדזשע איבער אלע וועגן,
און דאָס שיפעלע קומט ניט צוריק.

# אין א טאָג ווי היינט

שוין לאנג, שוין לאנג,
אין א טאָג, ווי היינט,
האָבן דיינע הענטעלאך
מיך צו זיך געצויגן.

שוין לאנג, שוין לאנג,
אין א טאָג ווי היינט,
האָבן צום לעצטן מאָל געזוכט מיך,
דיינע קינדער־אויגן.

שוין לאנג, שוין לאנג,
אין א טאָג ווי היינט,
איז דער טויט, ווי א שלאָף געקומען
און פארמאכט דיר דיינע אויגן.

ווער ווייסט ווי לאנג,
אז איך זע נאָר יענעם טאָג
ווער ווייסט ווי לאנג,
אז איך זע דיך אויף טריט און שריט.

ווער ווייסט ווי לאנג,
אז מיין הארץ איז קראנק
און זוכט דיך אום.

# ניט קיין בלומען

ניט קיין בלומען, ניט קיין גראָזן,
וואקסן אויפֿן קבר פֿון מיין קינד.
א קליין מצבה, א שטומער שטיין,
שטייט און קוקט אין גרויען רוים.

ניט קיין בלומען, ניט קיין גראָזן,
לאָז איך וואקסן אויפֿן קבר פֿון מיין קינד.

בלייבן זאָל זיין קבר רוי,
ווי אין הארצן בא מיר די וואונד,
ווי מיין קינד אין שווארצן גרוב,
ווי זיין שאָטן אין מיין שטוב,
בלייבן זאָל זיין קבר רוי.

# איך בין מקנא

איך בין מקנא דעם וואָרעם,
וואָס לעבט אין ערד און אין קברים.

ווען איך וואָלט ווי דער וואָרעם געווען,
וואָלט איך מיט מיין קינד איצט געווען.

איך וואָלט בא מיין קינד איצט געווען,
און וואָלט אים באשיצט אין זיין קבר,
פון ווערים, וואָס לויערן דאָרט,
און עסן אים אבר נאָך אבר.

בין איך אָבער ניט מער ווי א מאמע,
און קען נאָר ליגן אויף קברים,
ליגן און וויינען אויף קברים, —
און מקנא זיין דעם וואָרעם.

# פונוואנען

פונוואנען, אוי, פונוואנען,
זאָג, ווייִנענדיקער ווינט,
ציִ קומסטו פון די פעלדער,
און האָסט דאָרט געהערט מיין קינד?

פארנומען דאָרט זיין קול,
פון אונטער קאלטן שטיין,
און רייסט דורך נאכט מיין פענצטער,
און ברייִנגסט מיר זיין געוויין?

יעדן טאָג דער רעגן,
גריזשעט אויף מיין טיר;
יעדן טאָג דער טרויער,
נאָגט אין הארץ בא מיר.

און דורך די נעכט די ווינטן,
ווי וואויענדיקע הינט; —
מיך שרעקן טעג און נעכט,
אוי, כ׳וויל צו דיר, מיין קינד.

# דאָרט אין אײבּיקן לאנד

דאָרט אין אייביקן לאנד,
צווישן נאכט, צווישן זאמד,
ליגט מיין זיידע אוןווארט,
וויינט מיין קינד דאָרט און גארט.

וויגט מיין זיידע מיין קינד,
און צום ברעג בלאָזט דער ווינט;
און מיין טאטע און איך,
וועלן אויך קומען גיך.

# וויין ניט, מיין קינד

פון א פארוואָלקנטן הימל
קוקסטו אראָפּ אויף מיר,
פון פארגליווערטן שטיין,
רעדסטו צו מיר.
מיט אויגן פארוויינטע,
רופסטו צו מיר.
גרינט דער בית־עולם
אוןווארט אויף מיר.
איך שטרעק אוים מיינע הענט
און גיי צו דיר.

וויין ניט, מיין קינד,
איך קום באלד צוגיין,
וויין ניט, מיין קינד.

# בעסער וואָלט געווען

מען האָט פאר א מצבה
געשטעלט אויף דיר א שטיין;
בין איך דאָך א מאמע,
ווי זאָל איך עס פארשטיין?

בעסער וואָלט געווען
איך אליין זאָל דאָרט שטיין,
און שעפּטשען דיין נאָמען
צו זיך אליין.

און רופן דיין נאָמען
פאר די קברים ארום,
און רופן דיין נאָמען
פארן וויינענדיקן ווינט.

בעסער וואָלט געווען
איך אליין זאָל דאָרט שטיין,
וואָלט מען כאָטש וויסן,
אז דו ביסט מיין קינד.

# א מאמע

איר בליק אין ווייט,
איר טראָט פארטראכט.
קיין גליק, קיין פרייד, זי זעט ניט מער.

טאָג און מאָרגן און דורך נאכט,
איר אויג פארהאנגען מיט א טרער.

מען זעט אויף פעלד זי אָפטער גיין.
ווען וועלט איז ווייס, ווען וועלט איז גרין,
מען זאָגט, אז קינדער האָט זי דאָרט,
מען זאָגט: זי קריגט זיך דאָרט מיט גאָט.

דאָ גייט זי אום מיט הארץ אין קלעם,
ריידן רעדט זי זעלטן ווען.

די ווערטער נאָר מען הערט פון איר:
— אוי, ווי צו מיר; אוי, ווי צו מיר...

# עס איז ניט אמת

ניין, מיין קינד, עס איז ניט אמת,
אז מאמע און קינד שטארבן מיט צוויי טויטן;
שטארבן אָפּ באזונדער, יעדער מיט זיין טויט.

אמת איז, אז דער מאמעס הארץ,
ווערט אויף צווייען נאָר צעריסן:
האלב פון איר ליגט און פוילט אין רויער ערד,
און דאָס צווייטע העלפט אין איר,
ווייטיקט פארן קינד, וואָס איז אוועק,
ווייטיקט פאר איר הארץ, וואָס פוילט אין ערד.

# אונז צו לאנגע יאָר

עס גייען דיינע זיידעס מיט די באָבעס דאָ נאָך אום,
און שוועסטערלאך מיט ברידערלאך,
אי גרעסערע, אי קלענערע פון דיר.
טרעפט אמאָל נאָך, ווען ניט ווען,
אז איך זיפץ ארויס דיין נאָמען אין דער שטיל,
כאפּן באָבעס אונטער:
— אונז צו לאנגע יאָר נאָר זאָל ער זיין!

איך פארגין זיי יעדערן דאָס לעבן אויף דער וועלט.
דאָך מאָדנע ווייטיקדיק און נאריש קומט מיר אויס,
אז דו, מיין קינד, האָסט אין דיין איינגסטער קינדהייט,
פארלאָזן אָט־די וועלט דאָ פון מיין פיין,
אז די באָבעס מיט די זיידעס צו לאנגע יאָרן זאָלסטו זיין.

# אזוי שיין, אזוי שיין

עס שפּילן זיך קינדערלאַך קליינע אין זאמד,
אזוי שיין, אזוי שיין.

ליכטיקע אויגעלאַך, צארטינקע הענטעלאַך,
אזוי קליין, אזוי קליין.

איך קוק אויף די קינדערלאַך,
וואָס שפּילן אין זאמד,
אזוי שיין, אזוי שיין,

און טראַכט פון א בערגעלע,
אזוי קליין, אזוי קליין.

וואו עס ליגט דאָרט מיין קינד,
אזוי קליין, אזוי קליין;

וואָס פלעגט שפּילן אין זאמד,
אזוי שיין, אזוי שיין.

# קעסטעלאך

עס האָט מאמע א קעסטעלע א העלע פארמאכט,
מיט שפּילכעלאך צום קינד, צו איר קראנקן, געבראכט.

האָבן פינגערלאך קליינע דאָס קעסטעלע אויפגעמאכט,
האָט קינדערלע געפרייט זיך, געשפּילט און געלאכט.

האָט קינדעלע געשפּילט דורכן טאָג זיך מיט פרייד,
פארגעסן אָן ווייטיק, פארגעסן אָן לייד.

ס'האָט געשפּילט זיך די קראנקע מיט פרייד, ביז באנאכט,
און אין שפּיל האָט די פרייד אירע אויגן פארמאכט.

מען האָט פרייד אין א קעסטעלע א שווארצע פארמאכט,
האָט מאמע געוויינט א טאָג מיט א נאכט.

האָט מאמע געוויינט סאי טאָג און סאי נאכט,
און פרייד איז געלעגן אין א קעסטעלע פארמאכט.

# אזוי פרעמד

ביסט שוין אלעמען דאָ פרעמד, מיין קינד,
אזוי פרעמד, מיין קינד,
אז ווען איך טראכט פון דיר,
דערקענען מענטשן מער שוין ניט מיין טרויער,
און ווייסן ניט פארוואָס עס איז מיין בליק פארוואָלקנט.

איך האָב זיי מורא אויסזאָגן, מיין קינד,
ווייל זיי אלע האָבן זיך אָן דיר פארגעסן
און זיי קענען נאָך אמאָל ניט גלויבן,
אז מיין טרויער איז נאָך דיר.

אזוי פרעמד ביסטו שוין דאָ, מיין קינד,
אזוי פרעמד, מיין קינד.

# דעם שאָטן דיינעם

כ׳האָב דעם שאָטן דיינעם זיך פארגעסן,
איך דערקען דיך מער ניט צווישן קינדער
און איך ווייס שוין מער ניט וואו איך זאָל דיך זוכן.

נאָר אן אמת איז א צווייטער איצט מיר קלאָר געוואָרן.
דעם אמת האָט דערציילט מיר פון וואלד אן אלטער שטיין,
דעם אמת האָט דערציילט מיר די שטומע פוסטקייט;
אָפטער זיץ איך איצט מיט איר אליין.

דעם אמת האָט דערציילט מיר די פינצטערניש פון נאכט,
אז די טיר, וואָס האָט זיך צווישן אונז פארמאכט,
וועט זיך עפענען נאָך א מאָל,
וועט זיך עפענען אויפדראָסניי.

נאָר ביז דאן וועל איך דיך מוזן אומגיין זוכן,
אומגיין זוכן, — ניט געפינען,—
נאָר זוכן סאי־ווי־סאי.

# אין א טאָג אזא

נאָר ווען ניט ווען, אין חלום,
ווייַן איך איצט נאָך דיר.
און דיין געשטאַלט איז מיר אינגאַנצן פרעמד.

גיי איך אום אין טריקעניש מיט האַרץ פאַרקלעמט,
און זוך אום מיין ווײ און טרער,
וואָס איך האָב אויסגעקלאָגט.

טרעפט נאָך ווען א טאָג אזא,
נאָך א נאַכט פון חלום וועגן דיר,
גיי איך אום דיך זוכן.

איז דער פעלד א גרינער,
און דער הימל בלוי.

אויפן פעלד מצבות ווייסע שטיינער,
און אויפן הימל ווייסע זילבער וואָלקנס
אויסגעשפרייט.

אין א טאָג אזא,
צווישן גרינעם פעלד מיט ווייסע שטיינער,
און בלויען הימל מיט ווייסע וואָלקנס
אויסגעשפרייט.

פליען גרויסע שווארצע פייגל אום און שרייען,
פליען אום אויף הין און צוריק,
פּאַטשן מיט די גרויסע שווארצע פליגל און שרייען.

# אָפּקלאַנג

איך צייל די טעג וואָס פירן מיך צו דיר.

מיט דיין נאָמען אויף מיינע ליפּן גיי איך
מעסטנדיק דעם וועג.

אין פארנאכטן אליין אויף וועגן,
צווישן הויכע בערג און גרינע טאָלן,
וואו ביימער שטייען האָרכנדיק און שווייגן,
רוף איך אויס דיין נאָמען אין דער הויך.
אז זיי, וואָס האָרכן, זאָלן הערן.

און אז מיין טאָג, דער לעצטער, וועט זיך אויסלאָזן,
און דער וועג פון וועגן, וועט ברייננגען מיך צו דיר,
וועלן יענע ביימער דיין נאָמען רופן.

וועט אן אָפּקלאַנג פון דיין נאָמען און מיין רופן,
אומגיין איבער וועגן יענע,
צווישן הויכע בערג און גרינע טאָלן אין פארנאכטן.

# נאָר דער גרויער רעגן

איך וויל איינקריצן דיין נאָמען
אין יעדן ליד מיינעם.
איך וויל איינקריצן דיין נאָמען
אין יעדנס הארץ און אויער,
וואו מיין ליד קען גרייכן.
ווייל נאָך מיר וועט דיך קיינער ניט דערמאָנען.
צו דיין אָרט פון אָפּרו,
וועט קיינער מער ניט קומען.
פון גרויען שטיין דיין נאָמען,
וועט קיינער מער ניט רופן.
נאָר דער גרויער רעגן, וועט פארבייגייענדיק קומען,
און ער וועט דיין נאָמען פון דעם שטיין פארוואשן.

# איבער דיר און מיר

איבער דיר גייט דער רעגן,
איבער דיר וועלן אויפגיין בלומען.
איבער מיר גייט אויף די נאכט;
איבער מיר נאָר טויטע זונען.

נאָך א טאָג, און נאָך א טאָג,
און איך וועל צו דיר קומען.

# איך האָב דורך לידער דיך געפונען

איך האָב דורך לידער דיך געפונען,
ביסט מיין אייביק, אייביק ליד.
כ׳וואָלט דיר זינגען מיד ניט ווערן,
מיט מיין שענסטער, שענסטער ליד.

איך האָב דורך לידער דיך געפונען,
מיין יעדעס ליד האָסטו באשיינט;
אין אלע לידער האָב איך דיך געזונגען,
אין אלע לידער — דיך געוויינט.

איך האָב דורך לידער דיך געפונען,
ביסט געווען מיין גרעסטע ליד;
איך האָב אויף אייביק איינגעוויגט דיך,
מיט מיין לעצטער, לעצטער ליד.

# ווי א קינד

כ׳בין א מאמע פון קינדער שוין גרויסע,
און בין נאָך אליין ווי אַ קינד;
כסדר איך בוי זיך נאָר טורעמס,
כסדר צעבלאָזט זיי דער ווינט.

כ׳דערפריי זיך מיט יעדן פרימאָרגן,
ווער אומעטיק יעדן פארנאכט;
שפּיל זיך ארום מיט מיין מזל,
ווי א קינד מיט די אויגן פארמאכט.

כ׳האָב מורא באנאכט אין דער פינצטער,
און ביינק נאָר נאָך אלץ וואָס איז גרויס;
כ׳האָב אזוי מורא פאר אומגליק,
און כסדר נאָר זוכט ער מיך אויס.

כ׳בין א מאמע פון קינדער שוין גרויסע,
און בין נאָך אליין ווי אַ קינד:
כסדר איך בוי זיך נאָר טורעמס,
כסדר צעבלאָזט זיי דער ווינט.

# איך וועל אוועק

וואו זאָל איך אוועק,
אזוי איינע אליין,
אז מיין מזל איז שווער,
און מיין קינד אזוי קליין.

און שמאָל אלע וועגן,
און פון קינד דאָס געוויין;
וואו זאָל איך אוועק,
אזוי איינע אליין?

איך וועל פארשלעפן מיין קינד,
און באם זייט פון זיין בעט,
וועל איך קניען פאר אים,
אין נאכט אריין שפעט.

און וועל אוועק אין דער שטיל,
אזוי איינע אליין;
און בעטן בא גאָט,
פאר מיין קינד אזוי קליין.

# האָב איך קינדערלאך געפונען

איך האָב חלומות גאָלדענע
אריינגעוועבט אין ראמען,
געבויט פאר זיך א וואונדער־שיף,
צו פאָרן איבער ים׳ען.

אויסגע׳חלומ׳ט זיך א לאנד,
פון שלייערס גאָלדיק־גרין;
מיטן רודער אין מיין האנט,
געווענדט מיין שיף אהין.

ארויסקוקנדיק פון מיין שיף,
צו מיין חלום לאנד,
האָב איך קינדערלאך דערזען,
בא דעם וואסער־ראנד.

האָט מיין וואונדער־שיף געבראכט מיך
צו דעם וואסער־ראנד,
האָב איך קינדערלאך געפונען
אין מיין חלום לאנד.

# דער ליבסטער אמת

אינדערפרי ביסטו
מיין העלער חלום נאָך דער נאכט.
דורכן טאָג ביסטו,
די זון איבער מיין קאָפּ,
און פארנאכט ביסטו,
די פרומע תפילה פון מיין טאָג;
און דורך דער נאכט ביסטו,
דער ליבסטער אמת פון מיין זיין.

# איך וואַש מיין קינדס וויקעלאַך

איך וואַש מיין קינדס וויקעלאַך,
אין קליינעם קלאָרן טייך;
ס׳וועט מיין קינד אויסוואַקסן
גרויס, און גוט, און רייך.

טראָגט דער טייך כוואַליעלאַך,
קלאַפּן זיי און זשומען;
ס׳איז מיין קינדס אַ וויקעלע,
מיט זיי אַוועקגעשוואומען.

טראָגט, איר קליינע כוואַליעלאַך,
מיין וויקעלע אַוועק,
וואו ס׳וואַשט אַ מאַמע, אַן אָרימע,
ווינדעלאַך בײַ אַ ברעג.

וועט זי אויפהייבן דאָס וויקעלע,
וואָס איז אַוועקגעשוואומען,
און נוצן פאַר איר קינדעלע;
טאָ, זאָל איר וואויל באַקומען.

# שפילן זיך דאָרט קינדער

טונקל איז דער טייך,
אין ראַם פון גאָלדן זאַמד,
רוט ניט שטיל קיין רגע,
טראָגט זיך נאָכאַנאַנד.

שיף איך מיינע שיפן
אין זיין ברויזיק שוים,
ציען מיינע זעגלען,
אין א ווייטן רוים.

שווימען מיינע שיפן
פאַרביי באַרג און טאָל,
ווערט טונקעלער דער וואַסער,
ווערט שטילער וואָס אַמאָל.

ווייט אַוועק דער טייך,
מיילן ווייט דער וועג;
ווער וועט מיינע שיפן,
מיר ברענגען צו א ברעג?

שפילן זיך דאָרט קינדער,
אויף יענעם ווייטן וועג,
זיי וועלן מיינע שיפן,
ברענגען צו א ברעג.

# א מאמע זיין

און וואָס איז א מאמע זיין,
פון קינדערלאך — ברעקעלאך?
אָנטאָן זיי און אויסטאָן זיי;
קליידעלאך און זעקעלאך.

און וואכן נאָר און ציטערן
פאר נישט זיכערע טריט.
און אלעמאָל בעטן נאָר:
באשיץ און באהיט!

# געוואָרימט

ס׳האָבן זיך קינדער אין זאַמד היינט געשפּילט,
האָב איך אין אַ ווינקל באַ אַ וואַנט זיך פאַרוקט;
איז די זון פון די וואָלקנס אַרויס,
אַרויס און זיך אויף די קינדער פאַרקוקט.

האָבן די קינדער מיט זון זיך דערפרייט.
און זייער פרייד מיין האַרץ האָט באַגלייט;
די זון האָט געשפּילט מיט די קינדער אין זאַמד,
און מיך דאָרט געוואָרימט, אָן אַ זייט, באַ דער וואַנט.

# וויינען קינדער

וויינען קינדער דורך די נעכט
אין שלאָפן אין פרימאָרגן;
וואכן מאמעס לאנגע נעכט,
שלאָפן ניט און זאָרגן.

וואקסן קינדער אויף דער וועלט,
וואקסן אויף אָן זאָרגן;
ווערן מאמעס קראנק און אלט,
בויגן זיך און זאָרגן.

## זייט שטיל

גלעקעלע, גלעקעלע, שטילער, — ניט קלינג.
פייגעלע, פייגעלע, שטילער, — ניט זינג.
הינטעלע, הינטעלע, שטילער, — ניט ביל.
מיאוקע ניט קעצעלע, שטילער, — זייט שטיל!

זשומע ניט בינעלע, פלי ניט ארום,
קלאפּ ניט אין פענצטער,
קלאפּ ניט אין שויב.
קראנק איז מיין אינגעלע,
מיין גאָלדענע טויב.

עס שלאָפט איצט מיין אינגעלע,
שטילער, זייט, שטיל;
בעט פאר אים שווייגנדיק,
בעט אין דער שטיל.

# אָפּגענאַרט דער מאַמען

מיט קינדיש געלעכטער און הילכיק געשריי,
קומען אריין מיינע ברעלאך צוויי.
צוויי ווייסינקע ברעלאך באַדעקטע מיט שניי,

און ס׳ברענען די אויגעלאך מיט גנב׳ישן שפּאַס:
„מאַמע, דאָרט וואַרט נאָך א דריטער אין גאַס,
א דריטער ווייס ברעלע וואַרט דאָרט אין גאַס

מאַמע לויף גיכער און עפן אים אויף,
דאָס קלייניגקע ברעלע פרירט דאָרט אין הויף!
לויף גיכער און עפן די טיר פאַר אים אויף!"

לויף איך און עפן די טיר וואָס צום הויף,
פאַלט דער קליין ברעלע אויף מיר אַרויף.

א ברעלע פון שניי האָבן מיינע ברעלאך געמאַכט,
אָפּגענאַרט דער מאַמען, האָבן קינדער געלאַכט.

# ווי בלימעלאך אין רעגן

אָרים איז מיין שטיבעלע,
מיט אן אלטן דאך,
וואקסן אין איר קינדערלאך,
קליינינקע א סך.

גייט אין גאס א רעגנדל,
ווערט אין שטיבל נאס,
לויפן מיינע קינדערלאך
שפילן זיך אין גאס.

גייט אין גאס א רעגנדל,
גייט ער זיי אנטקעגן;
וואקסן מיינע קינדערלאך,
ווי בלימעלאך אין רעגן.

# בעטלער

דער מיט ווייגענדיקער מינע,
דער מיט אויסגעשטרעקטע הענט;
ניט אויסגערעדט זאָל עס נאָר זיין,
נאָר מען נעמט און נעמט.

מוזט נאָר האלטן אין איין געבן:
דעם א קוש און דעם א גלעט;
ניט אויסגערעדט זאָל עס נאָר זיין:
נאָר מען בעט און בעט.

# קינדער-אויגן

יעדן טאָג אזוי.
בלויע הימלען צוויי
עפענען זיך אויף,
ווי די זון גייט אויף.

ווי די זון פארגייט,
מאכן זיי זיך צו.
שלאָפן שמייכלענדיק,
אין א וועלט פון רו.

אין א קרוין פון גאָלד —
בלויע הימלען צוויי;
און א הארץ מיט פרייד,
ציטערט איבער זיי.

יעדע נאכט אזוי,
און יעדן טאָג באזונדער;
עפענען זיך הימלען צוויי,
אין א וועלט פון וואונדער.

# היטן דיין שפּיל

איך וועל נאָכגיין נאָך דיר,
אויף דיינע דינינקע שטעגן.
נאָכגיין און היטן דיך שטיל.

איך וועל נאָכגיין נאָך דיר,
אין דיינע גרינינקע וועלדער,
און דערציילן דיר מעשה׳לאך פיל.

איך וועל נאָכגיין נאָך דיר,
צו דיינע כישוף־פּאַלאַצן.
שטיין הינטער פענצטער
און היטן דיין שפּיל.

# ביידע רופן

איך האָב א קינד וואָס רופט מיך
פון דער ווייטער ווייט;
און א צווייטער קינד,
וואָס שפּילט זיך בא מיין זייט.

שטריינג איך אַלץ מיין אויער,
צום קינד וואָס אין דער ווייט,
און פאַרהער דעם רופן
פון דעם וואָס בא מיין זייט.

# א פּאַסטוך

האָסט שאָף געגעבן מיר צו היטן,
מיט בייטש אין האנט, א פּאַסטוך זיין.
איז מיין סטאַדע אזוי אָרים,
אז די בייטש צו נוצן וואָלט א שאנד גאָר זיין.

און איך אליין בין אזא פּאַסטוך.
מיט קאָפּ אין וואָלקנס, מיט פיס אויף פליינען,
און קען די שאָף מיינע ניט העלפן,
ווען זיי רופן, ווען זיי וויינען.

אויף מיין קאָפּ ברעכט אָפּט א וואָלקן,
און מיין פוס אויף שפּיצן שטיינער,
און די בייטש אויף זיך אליין,
דורך לייב ביז בלוט, און טיף פון ביינער.

# באַ װעמענס האַנט

אַז די נעכט זײַנען נאָך אַלץ אַזױ פֿינצטער,
און מײַן טאַטע איז שױן אַזױ אַלט,
און מײַן קינד איז נאָך אַזױ קלײן;
טאָ, באַ װעמענס האַנט זאָל איך זיך אָנהאַלטן,
אַז איך האָב נאָך אַלץ מורא אַלײן?

# א מאמע איז קיין קינד ניט

א מאמע איז קיין קינד ניט
און טאָר זיך ניט באקלאָגן;
א מאמע דאַרף נאָר אויסהערן,
ווי אנדערע זיך קלאָגן .

און קינדער זיינען קינדער,
און מוזן נאָר זיך קלאָגן;
א מאמע איז קיין קינד ניט,
און האלט איר קלאָג פארבאָרגן.

# די וויג איז אויפן בוידעם

עס זינגט אין מיר נאָך אלץ די וויג ליד,
מיטן צארטן מאמע־ניגון.
די הענט פארביינקט צום וועש פון ווינדעלאך,
דאָס אויג צו אייפעלאך אין וויגן.

נאָר די וויג איז אויפן בוידעם.
אין קאָרב א ווינדעלע נאָר פאר א זכר,
און די אייפעלאך, אָן עין־הרע,
שוין פון טאטע־מאמע העכער.

עס זינגט אין מיר נאָך אלץ די וויג ליד,
מיטן צארטן מאמע־ניגון;
כ׳וועל אם־ירצה־שם, א באָבע,
מיט אים די אייניקלאך פארוויגן.

# ווייסע ציגעלאך

איבער וויקעלאך,
איבער וויגעלאך,
הייננגען מעשה׳לאך
פון ווייסע ציגעלאך.

ווייסע יונגע טעג —
יונגע ציגעלאך;
בלויע העלע נעכט,
איבער וויגעלאך.

יונגע טעג און נעכט,
סמאַרעס ווייסע שאָף;
איבער וויגעלאך,
איבער רו פון שלאָף.

סטאַרעס ווייסע שאָף —
ווייסע ציגעלאך;
מאַמעס טעג און נעכט
איבער וויגעלאך.

# דאָרט אין רעגן

גוט איז דיר, מיין ליב קינד,
צו ליגן איצט אין וויגעלע;
דאָרט אין רעגן און אין קעלט,
ליגט באם פּלויט דאָס ציגעלע.

קייט דאָס גראָז ארום זיך,
קייט א גרינעם בלעטעלע;
האָט קיין מאמען, האָט קיין היים,
האָט קיין ווארים בעטעלע.

וואכט א מלאך איבער מיין קינד,
אין זיין קליינעם וויגעלע;
וואכט ער אויך אין גאס באם פּלויט,
איבער דאָס אָרימע ציגעלע.

# זעסט די לבנה

זעסט די לבנה, — א גאָלדענע וויג.
א שטערנדל וויגט זי איצט איין.
פארנאכטיקע שאָטנס אין בלויען געקליידט,
קוקן אין וויגל אריין.

זיי שטיל און שלאָף איין,
מיין ליכטיקע שיין,
עס וויגט די לבנה
א שטערנדל איין.

דאָרט הינטער די וואָלקנס, גאָלדיק און רויט,
שלאָפט איצט די זון אין איר בעט.
די לבנה, א יונגע, מוז שלאָפן באלד גיין,
זי טאָר היינט ניט שפּילן זיך שפּעט.

זיי שטיל און שלאָף איין,
מיין ליכטיקער שיין;
א קליינינקער שטערנדל
שלאָפט איצטער איין.

דאָס גאָלדענע וויגעלע וויגט זיך און וויגט,
און שלעפערט דעם שטערנדל איין;
מיט א ווייסינקן וואָלקנדל דעקט זי אים צו,
און פארגייט הינטער גאָלדענעם שיין.

זיי שטיל און שלאָף איין,
מיין ליכטיקעס קינד;
א קליינינקער שטערנדל,
שלאָפט אויך אצינד.

# דער מאָרגן א ליכטיקער

שטארק איז דער שטורעם,
בייז איז דער ווינט;
שלאָף איין, מיין קינד,
שלאָף איין, מיין קינד.

איך וועל פארמאכן די לאָדן,
פארשפארן דעם קוימען,
וועסט ניט הערן דעם ווינט,
שלאָף איין, מיין קינד,

וועל שטעלן דיין בעטעלע
דאָ בא מיין זייט,
און דערציילן פון טאטן דיר,
וואָס איז ערגעץ ווייט.

ווייך איז דיין בעטעלע,
ווארים און ריין;
ס׳וועט דער מאָרגן א ליכטיקער
קומען צוגיין.

ס׳וועט דער מאָרגן א זוניקער
קומען צוגיין,
און ברייגגען דיין טאטן
בשלום א היים.

שטארק איז דער שטורעם,
בייז איז דער ווינט;
שלאָף איין, מיין קינד,
שלאָף איין, מיין קינד.

# עס שלאָפט דער וואלד

איי־ליו־ליו, מיין קינד, שלאָף איין,
אין נאכט פארהילט שלאָפט איצט דער וואלד.
דיין טאטע איז אין וואלד אוועק,
ער וועט, מיין קינד, ניט קומען באלד.

דאָרט שטייט א שטיבעלע אין וואלד,
שטייט אין שטיבעלע א בעט;
שלאָפט דיין טאטע דאָרט, מיין קינד,
אויף גרינע בלעטער אויסגעבעט.

חלומ׳ט ער חלומות אוים
פון דיר און מיר ער ליגט און טראכט;
איבער אים א מלאך וויינט,
שטייט און וויינט סאי טאָג, סאי נאכט.

איי־ליו־ליו, מיין קינד, שלאָף איין,
דיין טאטע איז אין וואלד אוועק,
ער וועט, מיין קינד, ניט קומען באלד;
איי־ליו־ליו, עס שלאָפט דער וואלד.

# עס הייגט דיין וויג אויף וואָגל-וועגן

פארגליווערט שטומט מיין ליד אין מיר,
ווי גערן וואָלט איך זינגען דיר,
דיך איינוויגן אצינד.

עס הייגט דיין וויג אויף וואָגל־וועגן,
איך וויג דיך איין אין ווינט און רעגן,
דאָך שמייכלסט זיס, מיין קינד.

בא מיין בוזים איינגעשטילט,
האָסט דעם הונגער ניט געפילט,
ניט געהערט דעם ווינט.

טיף טיף אין דיינע אייגעלאך,
ליגן שאָטנס פון מיין טרויער;
שלאָף איין און מאך זיי צו.

חלום אוים חלומות
פאר מיר פון אלטע צייטן,
פון ליבע און פון רו.

פארגליווערט שטומט מיין ליד אין מיר,
ווי גערן וואָלט איך זינגען דיר
לידער אָן א שיעור.

שלאָף מיין קינד, וועסט עלטער ווערן,
וועסט אליין אין זיך דערהערן
מיין ליד, וואָס לעבט אין דיר.

# א מעשה פון רו

פעלד ארום מיר, גרין און באבלימלט,
אינגעלע באַ מיין זייט אין ווייס און אין בלוי,
שפּילט זיך מיט טאָג, מיט גראָז און מיט בלימל,
און דער הימל ער בלויט זיך אזוי...

דער טאָג באַם פארגאנג, אויף גאָלדענעם פליגל:
די וועלט ארום מיר אין גאָלדענעם וויגל;
מיין אינגעלעס בלויענקע אייגעלאך מיד,
דער וואלד זינגט דער וועלט איצט א ליד.

טונקעלע פעלדער, טונקעלער הימל,
מיין אינגעלעס אייגעלאך מאַכן זיך צו.
די וועלט ארום מיר אין זילבערנעם דרימל;—
די לבנה דערציילט איצט א מעשה פון רו.

# זילבערנער נעפּל

שלאָף איין, מיין קינד,
מאַך צו דיינע אויגן;
אַ זילבערנער נעפּל,
האָט איבער וועלט זיך פאַרצויגן.

דורך זילבערנעם נעפּל,
מיט ליכט, לייכטע שפּאַנען,
קומט אָן דער שלאָף,
פאַרהילט אין טומאַנען.

דורך זילבערנעם נעפּל,
פאַרהילט אין טומאַנען,
און שטייט הינטער פענצטער,
ניט ווייט דאָ פון דאַנען.

שלאָף איין, מיין קינד,
מאַך צו דיינע אויגן;
אַ זילבערנער נעפּל,
האָט איבער וועלט זיך פאַרצויגן.

# שנייעלאך ווייסע

שלאָף איין, מיין קינד,
מיין גאָלדענער קאָפּ;
עס פאַלן די שנייעלאך,
ווייסע אראָפּ.

שנייעלאך ווייסע
פאַלן אראָפּ;
דאָס טרייסלען מלאכים
די פליגעלאך אָפּ.

ווייסינקע שנייעלאך
שלעפערן איין;
מלאכים'לאך קוקן
אין וויגל אריין.

גאָלדענער קאָפּ
אין וויגעלע ריין;
עס ווען איצט ווייסינקע
שנייעלאך גיין.

# ער זאָל ניט דערהערן

לייג, קינד מיינס, דיין קעפּעלע,
דאָ אויף מיין הארצן;
מורא׳דיק קומט היינט
די נאכט אָן אין שווארצן.

און מיט איר קומט איניינעם
א בייזער דער ווינט,
עס וואויען אין שרעק
פון דאָרף היינט די הינט.

מאך צו די אייגעלאך, וויין ניט, מיין קינד,
דער טויט איז אין דאָרף,
ווען עס וואויען די הינט.

טוליע דיין קעפּעלע טיף צו מיין הארצן,
עס שטורעמט א בייזער דער ווינט;
דער טויט שוועבט דאָרט אום,
פארוויקלט אין שווארצן,
ער זאָל ניט דערהערן, מיין קינד.

# וויג איך איצט א וויג

איך האָב אמאָל געוויגט א וויג
און געזונגען זיך א ליד,
איז מיר ליב דאָס ליד געווען,
איז מיר גרינג דער וויג געווען,
האָב איך זינגענדיק א ליד
געוויגט א וויג.

דאן האָב איך געוויגט א וויג,
איז אין דעם וויג א קינד געווען,
האָט דאָס קינד געזונגען מיר א ליד,
איז דאָס קינד מיר ליב געווען,
איז דער וויג מיר גרינג געווען,
האָב איך זינגענדיק א ליד
געוויגט א וויג.

איצט וויג איך א וויג,
איז קיין קינד אין וויג ניטאָ איצט מער,
איז קיין ליד צום וויג ניטאָ איצט מער,
וויג איך איצט א ליידיק וויג,
וויגט דער וויג זיך שווער,
וויג איך איצט א וויג
אָן א ליד.

# זינגט דער פויגל

איי־ליו־ליו, מיין קינד, שלאָף איין,
עס זינגט דער פויגל זיך אליין,
אז דו, מיין קינד, דארפסט שלאָפן גיין,
מוז דיין מאמע זינגען דיר:
— איי־ליו־ליו, שלאָף איין.

הינטערן טיר, אין וואנט, דער גריל,
זינגט און זינגט פאר דיר און מיר;
זינגט פון ווינטער, זינגט פון נויט,
זינגט און זינגט און וויגט זיך איין:
— איי־ליו־ליו, מיין קינד, שלאָף איין.

שווימט א פישעלע אין טייך,
א גאָלדן פישעלע אין טייך,
כוואליע אויס און כוואליע איין;
זינגט דער טייך און וויגט זי איין:
— איי־ליו־ליו, מיין קינד, שלאָף איין.

שלאָפט א בערעלע אין וואלד,
א קליין בערעלע אליין.
קומט די מאמע־בער צוגיין,
זינגט דער וואלד און וויגט זיי איין:
— איי־ליו־ליו, מיין קינד, שלאָף איין.

# אינהאלט:

## א. אין דער נידער

## ב. ווי א קינד

## ג. ווייסע ציגעלאך